# יְחִיאֵל בּוּף

אָדֶער

# זִיךְ אַלֵיין אָנְגֶעפַּייפְּט

איינע שׁיינע ערצעהלונג

פון

נ. מ. שיכעוויטש שמ״ר

# ווילנא





שנת תר״נ לפ״ק

# א.

## איין אויסגעחאפטע כלה.

יחיאל בוף וואלט בשום אופן ניט געטאן דעם שידוך מיט פער'ז רבי שמערעלעס נור איין עקשנותער ביטען איז יחיאלין אימער זעהער געשמאק געוועזן, ער האט געוואוסט אז זיין ערנסטער שונא אברהם ראזענראטה האט זעהער ליב פערעלען דארום האט ער איהם צוא להכעיס געטאהן דעם שידוך אונ ער איז געווארין פערעלעס חתן.

אונ אין אמתין וואלט דאס גאר קיינער געגלויבט אז אזא קארגער מענטש וויא יחיאל בוף איז זאל טאן א שידוך מיט איין ארעם מיידעל וואס איר פאטער קאן איר אפילו ניט אויסקליידין וויא מיא באדארף. אמת פערעלע אליין איז ווערטה געוועזן מיא זאל זיא נעהמען וויא זיא שטעהט אונ געהט, דען מיט איהר שיינקייט, ארדענטליכקייט, גוטסקייט אונ קלוגהייט ווער זיא דיא ערשטע אין גאנץ קרופניאייקע, אבער וואס פאר א ווערטה האבין דיא אלע מעלות בייא יחיאל בוף, אלע ווייסין אז בייא אים שפילט א ראליע נור דאס געלד, פאר געלד וואלט ער זיין נשמה דעם טייוועל פערקויפט, פאר געלד וואלט ער זיך געלאזט אדערין ציהען. מיא האט זאגאר געוואוסט אז זיין ווייב איז געשטארבין פון דחקות ווייל ער האט איר קיין געלד געגעבין אויף דער הוצאה, אונ אז זיא איז קראנק געווארין האט ער אפילו א דאקטאר ניט גערופין מיא זאל זיא היילען. אונ פלוצלונג

טוט נאר יחיאל בוך דער רייכער אלמן אשידוך מיט פערעלע אין ארעם קינד וואס האט אקאפיקע נדן ניט .

נאר דיא אורזאכע דאפאן וואר וויא מיר האבין עזין געזאגט ער האט געטאן דעם שידוך צו להכעיס זיין שונא אברהם ראזענראטהען וועלכער האט שטארק געליבט פערעלען , און זי האט אלע קרעפטע אנגעווענדעט מיט איר צוא הייראטען .

יחיאל בוך איז נאך געוועזן איונגער מענטש פון 27 יאר , ער האט פון זיין פאטער זרח וואכערניק געירשעט אגרויס קאפיטאל צוזאמען מיט זיין קארגשאפט . דער יונגער מענטש האט קיין מאהל אין איבעריגע קאפיקע אויסגעגעבין , פון געבין אנדבה דאס האט ער גאר ניט געוואוסט , און דאך האט ער געשטיפט דיא נאז אין אלע קהלשע ענינים , און האט געוואלט מיא זאל אים האלטין פאר אבעל טובה , אין שטאדט האבין אים אלע פיינד געהאט נאר מיא האט פאר איהם געציטערט ווייל ער איז גאר ניט פויל געוועזן אויף אדאנאס , איינעגע יודען פון קרופניקאווקע זיינען שוין אוועק געגאנגען סיביר דורך זיינע מסירות , און דאמיט האט ער געהארפין אמורא אויף אלעמען . זא דאס י[illegible] האט אים געשמייכעלט און געגלעט האטש בשעת מי [illegible]אט ער אים געוואונטשען דעם טויט . אויסער אין אברה[illegible] האט איהם גיהערט וויא דעם קאטער און האט ביי [illegible] געלעגענהייט געמאכט פון איהם אתל .

אברהם ראזענראטה איז נאך געוועזן אבחור אבוואהל ער איז שוין פינף און צוואנציג יאהר אלט געוועזן , ער וואר איין אדוואקאט , דער מענטש איז געוועזן אקאנטראסט פון יחיאלן , דען אזוא וויא בוך איז געוועזן שלעכט אזוא וואר ראזענראטה גוט , וויפיל ער האט פערדינט פלעגט ער צוטהיילען ארמע מענטשין און דארום איז ער אליין געוועזן איין ארעמאן . ער האט יחיאלן פיינד געהאט וויא דעם טויט און ווען ער פלעגט זיך מיט אים טרעפין פלעגט ער אים געבין אזעלכע שטעכווערטער זא דאס

בוך איז פון אים אַקְראַנְקֶער אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אונ גְרַאדֶע הָאט
יחיאל פַאר אִיהם יַא מוֹרָא גֶעהַאט וַוייל עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז
עֶר הָאט אַשַׂארְפֶע פֶעדֶער אִין הַאנְד אונ קָאן צוּשְׁטֶעהן אֲפִילוּ
צום קֶבֶר, אונ דָאךְ הָאט עֶר גֶעזוּכְט אַמִיטֶעל וִויא פון אִיהם
רַאכֶע צוּא נֶעהמֶען, אונ גְרַאדֶע הָאט זִיךְ אִיהם אַזַא מִיטֶעל
אַיינְגֶעגֶעבִּין, עֶר הָאט עֶרְפַאהרֶען אַז אברהם ראזענראטה אִיז
פֶערְלִיבְּט אִין פערעלע רבי שמערעלעס, אונ עֶס הַאלְט שׁוין
רַאבַּייא עֶר זָאל וֶוערִין אִיהר חָתָן, הָאט עֶר זִיךְ צוּגֶעלַאשְׁצֶעט
צוּא רבי שמערעלען אונ הָאט אַזוֹא לַאנְג גֶעאַרְבֵּייט דוּרךְ שמועה
דֶעם שַׁדְכָן בִּיז עֶר אִיז גֶעוָוארִין פערעלעס חָתָן דֶען גְרַאדֶע אִין
יֶענֶעם יָאהר אִיז זַיין וַוייבּ גֶעשְׁטָארְבִּין אונ עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען
אַבַּייכֶער אַלְמָן.

ו

רבי שמערעלע ירוחם'ס וַואר אַיין אֶרֶעם יוּדֶעל אַלַמְדָן עֶר
הָאט גִילֶעבְּט פוּן זַיין וַוייבְּס קְרֶעמֶעל אונ פוּן זַיינֶע קַדֵישִׁים אונ
דיא פְּרָקִים מִשְׁנַיוֹת וָואס עֶר פְלֶעגְט זָאגִין אונ לֶערְנֶען נָאךְ
אַזֶעלְכֶע גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע וָואס הָאבִּין קַיין קִינְדֶער אִיבֶּער גֶעלָאזְט.
עֶר אִיז אוֹיךְ גִיוֶוען אַזָאגֶער אִין דֶער שְׁנַיידֶערְשֶׁער שׁוּל אונ
פְלֶעגְט דֶער פַאר נֶעהמֶען אַרוּבִּיל אַוָואךְ אונ דְרַייא פוּנְט פְלֵיישׁ
שַׁבָּת. עֶר אִיז סַךְ הַכֹּל אַלְט גִיוֶוען אַיָאר זֶעכְּס אונ דְרַייסִיג אונ
הָאט שׁוֹין אוֹיסְגֶעזֶעהן וִויא אַיוּד פון פוּפְצִיג יָאר, דֶען זַיין גַאנְץ
לֶעבִּין אִיז אִים אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִין צָרוֹת. בִּיז זֶעכְצֶעהן יָאר
אִיז עֶר גִיוֶוען אַיְשִׁיבֶה בָּחוּר וָואס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעוָואלְגֶערְט אַלֶע
יְשִׁיבוֹת. נָאכְדֶעם הָאט אִים אַקַבְּצָן גֶענוּמֶען פַאר אַיין אֵיידִים,
עֶר הָאט אִים גֶעגֶעבִּין זַיין מֵאכְטֶער מִיט הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל נַדַן
אונ אַייבִּיגֶע קֶעסְט, אָבֶער נָאךְ אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין יָאר אִיז עֶר
פוּן קֶעסְט אַרָאפּ וַוייל זַיין שְׁוֶוער הָאט אוֹיף זִיךְ בַּאקוּמֶען אַפְּרָאצֶעס
וָואס דוּרךְ אִים הָאט עֶר גֶעמוּזְט מַאכִין פְּלֵיטָה. שמערעלע הָאט
זִיךְ גֶעמוּזְט חַאפִּין צוּ מְלַמְדוּת פון וֶועלְכֶע עֶר הָאט קוים פֶערְ-
זִיגְט וִויא סִיא זָאגְט וַואסֶער אוֹיף קַאשֶׁע. צוּם אוּנְגְלִיק אִיז אִין

אהאלבּ יאהר ארום זיין ווייבּ געשטארבּן אין אקינפּעט און ער האט פאר דעם קינד נאך געמוזט צאהלען אם געלד.

מיא קאן זיך פארשטעלין וויא דער ארמער מענטש האט זיך געקוועלט און ער האט ענדליך געמוזט אוועק פאהרין פון זיין שטאדט פינדריק זוכין ערגעץ אנדערש זיין גליק, ער איז אנגעקומען נאך לאנגע זוכין אין דער שטאדט קרופניאווקע פאר אמלמד, ער האט אויך דא צום צווייטען מאל חתונה געהאט מיט איין אלמנה וואס דער מאן האט איהר איבער געלאזט אבּאקאליינע קרעמיל, אהער האט ער אויך ארויסגעפאדערט זיין קליין טאכטעריל פערעלע און ער לעבּט שוין דא אין דער שטאדט זעבּצעהן יאהר אין דחקות.

נור אין דעם דלות האט זיין פערעלע אויס געוואכסען וויא אשיינע בּלומע, קוקענדיג אויף איהר האט מען בּשום אופן ניט געקאנט זאגין אז זיא איז ערצאגען געווארין אין דחקות אין איין ארעם שטיבּעל, דען זיא וואר אימער געזונד און איין פונקט וויא זיא זאל זיין ערצויגען אין אגבירשע הויז אויף אלעם גוטען. און דער פאר האט זיא באדארפט דאנקען איהר שטיפ-מוטער האסיע דיא קרעמערין וועלכע איז צוא איהר אימער געווען אצארטליכע גוטע מוטער און האט אויף איהר אכטונג געגעבּן בּעסער אלס אויף איהרע אייגענע קינדער.

יעצט איז שוין פערעלע אלט געווען ניינצעהן יאר, און ווער עס האט זיא דערזעהן האט זיך זאט פון איהר ניט געקאנט אבּקוקען. מיא פלעגט איהר פּשוט נאכלויפען אום צוא קוקען אויף איהר, און זיא אליין האט וויא נאר ניט פארשטאנען איהר גרויסין ווערטה. זיא האט זיך ניט בּעמיהעט געפעלין צו ווערין, זיא איז קיין מאל קיין איבּעריגע מינוט בּייא דעם שפּיגעל געשטאנען און האט בּעסער געהאלפין איהר שטיפמוטער אין קרעמיל.

דיא שטיפמוטער וויא אויך איהר פאטער זיינען בּייא איהר געווען פּשוט אהיילינטום. זיא האט קיין מאל אנדערש געזאן וויא זייא [illegible] איהר געהייסין, און [illegible] אז מיא האט איהר

אָנְגָעהֵייבִּין צוא רֵיידִין שִׁידוּכִים הָאט זִיא זִיךְ גָאר נִיט גֶעמִישְׁט, אונ הָאט זִיךְ אִין גַאנְצִין פַארְלָאזִין אויף דִיא עֶלְטָערִין.

בַּייא יוּדֶען אִין אַלְגֶעמֵיין בֶּעזָאנְדֶערְס אִין דִיא קְלֵיינֶע שְׁטֶעדְטְלִיךְ קוּקְט מֶען וֶועניג אויף דִיא נַאטִירְלִיכֶע מַעֲלוֹת, דָא שְׁפִּילְט אַרָאלֶיע גֶעלְד, יִחוּס, אוּנ עֶרְשְׁט אַז דִיא צְוֵוייא הוֹיפְּט זַאכִין זַיינֶען דָא הֵייבְּט מֶען אָן אוֹיךְ צוּ בֶּעטְרַאכְטִין דִיא נַאטִירְלִיכֶע מַעֲלוֹת, דַארוּם אִיז קֵיין וואוּנְדֶער וָואס דִיא קרוּפניאוּוקֶער יוּדֶען הָאבִּין זִיךְ גָאר נִיט גֶעוָאנְט אוּיסַחאפִּין דֶעם בְּרוּלְיַאנְט, דֶען וָואס פַאר אַוָועֶרְטְה הָאט בַּייא זֵייא גֶעקָאנְט הָאבִּין רבי שמערעלעס אֵיִדֶעם מֵיידֶעל. אַז וָואס זִיא אִיז שֵׁיין, אוּיף דֶעם הָאט דָאךְ שׁוֹין לַאנְג דֶער פָּסוּק גֶעזָאגְט „שקר החן והבל היופי“ אַז דֶער חֵן אִיז אַפַּאלְשֶׁע זַאךְ אוּנ דִיא שֵׁיינְקַייט אִיז נַארִישְׁקַייט. דֶער עִיקָר אִיז גֶעלְד אוּנ יִחוּס אוּנ אָן דֶעם אִיז אַלְץ בְּלָאטֶע.

דֶער עֶרְשְׁטֶער רִיכְטִיגֶער גֶעזָאגְט דֶער אֵיינְצִינֶער וָואס הָאט יַא חֵשֶׁק גֶעהַאט דֶער שֵׁיינֶער פֶּערעלע צוא בֶּעקוּמֶען אִיז גֶיוָועֶן אברהם ראזענראטה, עֶר הָאט רִיכְטִיג אִיר וֶוערְטְה פֶּערְשְׁטַאנֶען אוּנ הָאט זִיךְ גֶעפְּרוּפְט צוּשַׁארֶען צוּ אִיר וִויא דִיא מָאדֶע פָאדֶערְט נָאר וָואס מֶער עֶר הָאט זִיךְ צוּ אִיר גֶעשַׁארְט אִיז זִיא פוּן אִים אַלְץ וַוייטֶער אַנְטְלָאפִין גֶעוָוארִין, נָאר אֵיין מָאל אַלְס עֶר הָאט זִיא גֶעטְּרָאפִין אַלֵיין אִין קְרֶעמִיל אוּנ עֶר הָאט אִיר אָנְגֶעהֵייבִּין זַיין לִיבֶּע צוּ עֶרְקְלֶערִין אוּנ אִיר פֶּערְזִיכֶערִין אַז זִיא וֶועט פַאר אִים גְלִיקְלִיךְ זַיין, הָאט זִיא גֶיעֶנְטְפֶערְט: רֶעדְט אִיבֶּער מִיט מִיט דֶעם טַאטֶען אָדֶער מִיט דֶער מוּהמֶען...

דִיא גֶעצֵיילְטֶע ווערְטֶער וָואס זַיינֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן אַזַא שְׁטִיל אָרְדֶענְטְלִיךְ קִינְד וִויא פֶּערעלע וואר הָאבִּין מֶעהר בַּייטוּנְג גֶעהַאט אַלְס אַלֶע פְּיֶערִיגֶע לִיבֶּעס גֶעשְׁפְּרֶעכִין פוּן דִיא הֵיינְטְמָאדִישֶׁע גֶעבִּילְדֶעטֶע מַאדְמַאזֶעלִין, אוּנ אברהם ראזענראטה הָאט זֵייא טַאקִי רִיכְטִיג פֶּערְשְׁטַאנֶען עֶר הָאט פֶּערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר גֶיפֶעלְט פֶּערעלען, אַז זִיא וֶועט זִיךְ גְלִיקְלִיךְ פִיהלֶען וֶוען עֶר וֶועט אוּיסְפִּירֶען זִיא זָאל זַיין פְרוֹיא זַיין.

(יחיאל בוף)

ער האט קיין שיהות געמאכט אונ האט אליין איבערי גירעדט מיט רבי שמערעלען אונ מיט חאסיען ער האט זייא אפען געזאגט אז פערעלע גיפעלט אים אונ ער וויל מיט איהר חתונה האבין אונ וויא זיא שטעהט אונ געהט, אונ דיא ארמע עלטערין האבין זיך אן דעם אנגעהאפט, דען קיין גרעסערער גליק פאר פערעלען האבין זייא ניט ערווארטעט, זייא האבין געוואוסט האטש אברהם איז ניט רייך אבער אפארדינער איז ער דאצו אויך זעהער איין ארדענטליכער מאן.

עס האט שוין געהאלטין דאבייא מיא זאל שרייבין תנאים, נאר פון דער העלער הויט האט זיך באוויזען בייא רבי שמערעלען אין שטוב שמועה דער שדכן נאר מיט אנייעם שידוך.

שמועה איז גיוועזן פון דיא גרויסע שדכנים, אונ אין אזעלכע הייזער וויא רבי שמערעלעס וואר האט מען נאר קיין זכיה געהאט איהם צוא זעהען, אונ פלוצלונג איז ער בכבודו ובעצמו אויסגעוואקסען דארט אין קליינעם שטיבעל, דאס האט שמערעלען וויא אויך חאסיען שטארק געוואונדערט אונ זייא האבין מיט אונגעדולד געווארט צוא הערין וועגין וואס ער איז געקומען.

ער האט פריהער אשמעק טאבאק גענומען, אונ האט אויך רבי שמערעלען מכבד גיוועזן מיט אשמעק טאבאק פון זיין פושקע אונ האט נאכהער געזאגט:

איהר רבי שמערעלע ווייסט דאך אז איך בין אייך פון שטענדיג אן דער אמת'ער גוטער פריינד, אונ חאטש איך האב אייך ניט געזאגט נאר בייא זיך אין הארצין האב איך געקלערט: עס מאג זיין וואס עס וויל זיך אונ איך מוז פאר אייער פערעלען אויסזוכען אחתן וואס גאט אונ לייט זאלין זיך מיט אים פרייען, אחתן וואס אלע מיידלאך זאלין איהר מקנא זיין, ווארעם גלויבין זאלט איהר מיר בהן צדק שלי (אויף מיין ערהרענווארט) אז איך האב אייער פערעלען ליב וויא מיינס אקינד, אונ אין אמתין נעהט מען בייא אונז אין שטעדטיל אזא גאלדען קינד וויא זיא

איז

(יחיאל בוך)

מִיר וַוייסִין דָאךְ וָואס הַיינְט הָאט פַאר אַחָערְטְה אַמֵיידָעל אָן גֶעלְד. דִיא וֶועלְט הָאט אֲפִילוּ אַמָאל גֶעזָאגְט אַז „אַשֵׁיין מֵיידָעל אִיז אַהַאלְבָּער נַדַן" נוּר דָאס אִיז אַלְץ אַמָאל גִיוָעזֶען הַיינְט וִויל מֶען נָאר אַגַאנְצִין נַדַן אַחוּץ דֶער שֵׁיין מֵיידָעל. נָאר אִיךְ הָאבּ פוּן דֶעקְטוָועגִין גֶעהָאפְּט אַז סוֹף כָּל סוֹף וָועט זִיךְ פָארְט פַאר פֶערְלִין מַאכִין אַשִׁידוּךְ וִויא אִיךְ מֵיין. מִיר רבי שׁטערעלע זַיינֶען דָאךְ עֶפֶּעס יוּדֶען פוּן דֶער אַלְטֶער וֶועלְט, מִיר גְלוֹיבָּען דָאךְ יַא אִין דֶעם וָואס דִיא גְמָרָא זָאגְט אַז נָאךְ אֵיידֶער דָאס קִינְד וֶוערְט גֶעבָּארִין רוּפְט מֶען שׁוֹין אוֹיס אִין הִימֶעל „בת פלוני לפלוני" יֶענֶעמְס מֵיידָעל זָאל חֲתוּנָה הָאבִּין מִיט יֶענֶעמְס בָּחוּרִיל, אוּנ מִיר וַוייסִין דָאךְ אַז אִין הִימִיל קוּקְט מֶען נִיט אוֹיף גֶעלְד אוּנ אוֹיף יִחוּס, הָאט מִיר עֶפֶּעס וִויא דָאס הַארְץ גֶעזָאגְט אַז פַאר פֶערְלֶען הָאט מֶען אוֹיסגֶערוּפִין אַרַייכֶען חָתָן. אוּנ הֶערְט אַמַעֲשֶׂה הַיינְטִינָע וָואךְ לִיג אִיךְ אַזוֹא אִין בֶּעט אוּנ טְרַאכְט טַאקִי וֶועגִין דֶעם פַאלְט מִיר פְּלוּצְלוּנְג אַרַיין אַמַחֲשָׁבָה אִיךְ זָאל אִיהר רֵיידִין אַשִׁידוּךְ מִיט אַהִינֶען גְבִיר וָואס אִיז נִיט לַאנְג אַיין אַלְמָן גֶעבְּלִיבִּין, אִיךְ הָאבּ מִיךְ אֲפִילוּ בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה פוּן זִיךְ אַלֵיין אוֹיסגֶעלַאכְט וָואס מִיר אִיז אַזַא קוֹרְמֶע אִיךְ וִויל זָאגִין קְרוּמֶע זַאךְ אַרַיין גֶעפַאלֶען, וָוארֶעם חָלֶעבִּין וֶועלְכֶער גְבִיר וִויל דָאס נֶעמֶען אַיין אָרֶעם מֵיידָעל אַז עֶר קָאן נֶעמֶען דִיא רַייכְסְטֶע, נוּר פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאבּ אִיךְ בַּייא זִיךְ אָבְּגֶעמַאכְט אִיךְ זָאל מִיךְ אַפְּרוּב טָאן רֵיידֶען דֶעם שִׁידוּךְ, אַי וָואס דֶער רַייכֶער חָתָן וֶועט מִיךְ אָנְזִידְלֶען אוּנ וֶועט מִיךְ פוּן זַיין שְׁטוּבּ אַרוֹיס טְרַייבִּין וַוייסְט אִיר, דָאךְ אַז צוּא אַזֶעלְכֶע זַאכִין בִּין אִיךְ שׁוֹין בָּרוּךְ הַשֵּׁם גֶעוָואהנְט גֶעוָוארִין. אוֹיף מָארְגִין הָלֶעבִּין מַיינֶער דָאס הַייסְט אִיךְ בִּין אַרַיין גֶעגַאנְגֶען צוּא דֶעם חָתָן, נוּר וִויא אִיךְ הָאבּ אִיהם דֶערְמָאנְט דֶעם שִׁידוּךְ עֶרְשְׁט דֶער חָתָן הָאט נִיעֶפִּינְט אוֹיף מִיר אֲמוֹיל אַז אִיךְ הָאבּ

(יחיאל בוף) בשׂ׳ט

פְּשׁוּט נֶעמֵיינְט עֶר שְׁלִינְגְט מִיךְ אַיין מִיט דִיא בֵּיינֶער, אִיךְ הָאבּ מִין אָבֶּער גָאר נִיט דֶערשְׁרָאקֶן פַאר זַיין בְּרֵייט מויל אונ הָאבּ אַזוֹא לַאנְג גִירֶעדט בִּיז הָלֶעבִּין דֶער חָתָן הָאט גִיעֶנְטְפֶּערְט עֶר וֶועט זִיךְ מְיַשֵּׁב זַיין, אונ הַיינְט הָאט עֶר מִיר גִיעֶנְטְפֶערְט אַז עֶר הָאט גִיזֶעהֶען אַייעֶר פערעלען אונ אַסוֹף אַיין עֶק עֶר בַּאשְׁטֶעהט שׁוֹין מִיט אִיר חֲתוּנָה צוּא הָאבִּין, וְוִיא אִיךְ הָאבּ דָאס דֶערהֶערְט הָאבּ אִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבִּין דִיא הִיטֶעל צוּ דִיא הֶענְד נַיין אִיךְ מֵיין פַּארְקֶעהרְט דִיא הֶענְד צוּם הִיטֶעל אונ הָאבּ גִימַאכְט דִיא בְּרָכָה „שכחו וגבורתו מלא עולם" וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ אַסַךְ מַאֲרִיךְ בִּדְרוּשׁ זַיין, אִיךְ זָאג אַייךְ רבי שמערעלע וְוִיא אִיךְ בִּין אַיוּד אַז אִיךְ זֶעה בְּשַׁאנְפֶּערְלִיךְ אַז נָאר דֶער זְכוּת פוּן דִיא נְשָׁמוֹת וָואס אִיהר הָאט מִיט אַייעֶר קַדִּישׁ אַרוֹיס גֶענוּמֶען פוּן גַיהִנָּם אִיז אַייךְ בַּייא גֶעשְׁטַאנֶען אִיהר זָאלְט טָאן אַזַא שִׁידוּךְ.

זָאגְט זְשֶׁע אוּנְז שׁוֹין וֶוער אִיז דָאס דֶער גְבִירָעשֶׁער חָתָן — הָאט שמערעלע גִיפְּרֶעגְט.

אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין דָאס אִיז רבי יחיאל בוּף.

שמערעלע מִיט חאסיען הָאבִּין עֶפֶּעס דִיא נֶעז אַרָאפּ גֶעלָאזְט, זַייא הָאבִּין אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט צוּא זָאלִין זַייא זַיין צוּפְרִידֶען אָדֶער אוּנְצוּפְרִידֶען מִיט דֶעם שִׁידוּךְ.

נוּא וָואס זָאגְט אִיהר צוּא גָאטֶס נִסִים? — הָאט שמעיה מוּנְטֶער גִיפְּרֶעגְט — וָואלְט אִיר דָאס וֶועןְ גֶעגְלֵייבְּט אַז רבי יחיאל אַזַא גְבִיר זָאל וֶועלִין טָאן מִיט אַייךְ אַשִׁידוּךְ?

אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין דֶעם אֱמֶת רבי שמעיה — הָאט חאסיע גִיעֶנְטְפֶערְט — דָאס אִיז טַאקִי זֶעהֶער אַנוּטֶער גֶעלְד שִׁידוּךְ אָבֶּער אִיהר וֵוייסְט דָאךְ וָואס פַאר אַשְׁלֶעכְטֶער מַאן יחיאל אִיז גִיוֶוען צוּא זַיין עֶרְשְׁטֶע וַוייבּ, אִיהר וַוייסְט אוֹיךְ וָואס פַאר אַשְׁלֶעכְטִין נָאמֶען עֶר הָאט אִין שְׁטָאדט.

— וָואס? אִיהר רֶעדט נָאךְ? אִיהר קְוֶוענְקֶעלְט זִיךְ נָאךְ? — הָאט שמעיה אַנֶעשְׁרֵייא גֶעטָאן — אַשֵׁיינֶע מַעֲשֶׂה הָלֶעבִּין אַז אִיר בַּאדַארְפְט נָאךְ אִיבֶּער רֵיידִין וֶועגִין דֶעם. דָאס וָואס יחיאל אִיז

שְׁלֶעכְט גִיוֶועֶן צוּא זַיין עֶרְשְׁט וַוייבּ וֶוייס גָאט אוּנ לַייט אַז עֶר הָאט זִיא פַיינְד גֶעהַאט, נוּא אוּנ אַז מִיא הָאט אַוַוייבּ פַיינְד מוּז מֶען זַיין צוּא אִיר שְׁלֶעכְט, אָבֶּער צוּא אַייעֶר פערעלען וֶועט עֶר זַיין אַדִיכַאנְט אַפּוּרְלְיַאנְט וַוייל זִיא קָאן מֶען נִיט פַיינְד הָאבִּין, אוּנ וָועגִין דֶעם וָואס עֶר הָאט אַשְׁלֶעכְטִין נָאמֶען זֶעהט אִיהר דָאס אִיז מַאקִי אַגְרוֹיסֶע דַאֲגָה, וַוייסְט אִיר דֶען נִיט אַז אַלֶע נְגִידִים הָאבִּין שׂוֹנְאִים דֶער פַאר וָואס זַייא הָאבִּין גֶעלְד פֶערְגִינְט מֶען זַייא דָאס לֶעבִּין נִיט, אוּנ וֶוער הָאט דָאס גֶעמַאכְט יחיאלן אַמִיאוּסִין נָאמֶען, דֶער קַבְּצָן דֶער שְׁלֶעפֶּער אברעמעלע דֶער אַבְּלָאקַאט אוֹיךְ מִיר אַמֶענְטְשׁ, אֲפִילוּ צוּא זַיין אַמְשָׁרֵת בַּייא יחיאלן אִיז פַאר אִים צוּא פִיל. הַיינְט זָאלְט אִיר נִיט פַארְגֶעסִין אַז פַאר·אַייךְ אִיז חָלֶעבִּין אוֹיךְ גָאר קַיין חִסָּרוֹן נִיט וָואס אִיהר וֶועט הָאבִּין אַזַא רַייכִין אֵיידִים, וִויא זָאגְט מֶען עֶפֶּעס אַז מִיא רַייבְּט זִיךְ אַרוּם אַפֶּעטִין טָאפּ גִיט מֶען אוֹיךְ אַלֶעק.

רבי שמעיה הָאט אַזוֹא לַאנְג גֶעטַעֲנֶהט בִּיז רבי שמערעלע מִיט האסיען הָאבִּין מַסְכִּים גִיוֶוען צוּא דֶעם שִׁידוּךְ, זַייא הָאבִּין פערעלען אֲפִילוּ נִיט גֶעפְרֶעגְט צוּא אִיז זִיא בֶּעשְׁלָאסֶען חֲתוּנֶה צוּ הָאבִּין מִיט יחיאלן וַוייל זִיא הָאט דָאךְ זַייא שׁוֹין אֵיין מָאל גֶעזָאגְט אַז זִיא פֶערְלָאזְט זִיךְ אִין גַאנְצִין אוֹיף זַייא. זַייא הָאבִּין אִיר נָאר גֶעמֶעלְדֶעט אַז דִיא וָואךְ וֶועט בַּייא אִיהר זַיין תְּנָאִים מִיט יחיאל בוּך.

אוּנ אִין יֶענֶער וָואךְ זַיינֶען טַאקִי גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארִין דִיא תְּנָאִים.

מִיא הָאט אֲפִילוּ אִין קרופניאווקע עֶרְצֶעהלְט אַז יֶענֶע נַאכְט נָאךְ דִיא תְּנָאִים אִיז גִיזֶעסִין פערעלע אִין אִיהר חֶדֶר אוּנ הָאט בִּיטֶער גֶעוַויינְט, נָאר קֵיינֶער הָאט דָאס גֶעגְלוֹיבְּט, דֶען וִויא אִיז דָאס מֶעגְלִיךְ אַז אַזַא אָרֶעם מֵיידֶעל זָאל וַויינֶען אִין דֶער צַייט וָואס זִיא אִיז אַכַּלָּה גֶעוָוארִין פַאר אַגְבִיר, אוּנ דִיא וָואס הָאבִּין יַא גֶעגְלוֹיבְּט אַז זִיא הָאט גֶעוַויינְט הָאבִּין גֶעזָאגְט אַז דָאס אִיז גִיוֶוען פוּן גְרוֹיס שִׂמְחָה.

(יחיאל בוּךְ) ביטערע

# ב.

## בִּיטֶערֶע לֶעקַאךְ.

אַיין גָאט הָאט גֶעוואוּסְט פַאר וָואס פערעלע הָאט גֶעוַויינְט זִיא אִיז זֶעהֶער אוּנְצוּפְרִידֶען גִיוֶועֶן פוּן דֶעם שִׁידוּךְ מִיט יחיאלן, זִיא הָאט דֶעם מֶענְטְשֶׁען אִיטֶער גֶעהַאסְט פַאר זַיין שְׁלֶעכְטְקַייט אוּנ פַאר זַיין גְרָאבְּהַייט, אוּנ זִיא הָאט אוֹיךְ גֶעוואוּסְט וָואס פַאר צָרוֹת יֶענֶע וַוייבּ הָאט פוּן אִים גֶעהַאט, אוּנ דַאגֶעגֶען הָאט זִיא אברהם ראזענראטהן אִינִיג גֶעלִיבְּט הָאטְשׁ זִיא הָאט דָאס נִיט אַרוֹיס גֶעווִיזֶען, זִיא הָאט אִים גֶעלִיבְּט פוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער מִינוּט וָואס זִיא הָאט בַּאמֶערְקְט אַז עֶר זוּכְט אִיר פְרַיינְדְשַׁאפְט, אִיר אָרְדֶענְטְלִיכְקַייט אָבֶּער אוּנ אִיהר אִיבֶּערְגֶעבֶּענְהַייט צוּא דִיא עֶלְטֶערִין הָאבִּין אִיר נִיט עֶרְלוֹיבְּט זִיא זָאל בַּייא דִיא תְּנָאִים אֲפִילוּ אַיין אוּנצוּפְרִידֶענֶע מִינֶע וַוייזֶען, נָאר אַז דִיא תְּנָאִים הָאבִּין זִיךְ גִיעֶנְדִיגְט אוּנ זִיא אִיז אַלֵיין אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין אִיר אָרֶעם צִימֶער הָאט זִיא דֶעם גָאלְדֶענֶעם בְּרָאסְלֶעט וָואס יחיאל הָאט אִיר גֶעגֶעבִּין אַמַתָּנָה אַוֶועקְגֶעטְאן אָן דֶער עֶרְד אוּנ הָאט דִיא גַאנְצֶע נַאכְט גֶעוַויינְט. זִיא הָאט שׁוֹין יֶעצְט חֲרָטָה גֶעהַאט אוֹיף דֶעם וָואס זִיא הָאט דֶעם פָאטֶער פְרִיהָער נִיט גֶעזָאגְט אַז אִיר גִיפֶעלְט דֶער שִׁידוּךְ נִיט, אַז הַתּוּנָה הָאבִּין מִיט יחיאלן אִיז בַּייא אִיהר גְלַייךְ וִויא גֶעהן צוּ דֶער שְׁחִיטָה. יֶעצְט אִיז שׁוֹין גִיוֶועֶן צוּ שְׁפֶּעט, זִיא זָאל יֶעצְט זָאגֶען אַז זִיא אִיז אוּנְצוּפְרִיעדֶען פוּן פוּן דֶעם שִׁידוּךְ וָואלְט זִיא אַפָּנִים גֶעהַאט וִויא אַמְשׁוּגָענֶע, דַארוּם הָאט זִיא אַלֵיין אִין דֶער שְׁטִיל נָאר אִיהר נַארִישְׁקַייט בַּאקְלָאגְט.

אוּנ אַזַא פִינְסְטֶערֶע נַאכְט הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט אברהם ראזענ-ראטה. עֶר הָאט יֶענֶעם טָאג עֶרְפַאהרֶען טַאקִי פוּן שמעיה דֶעם שַׁדְכָן אַז הַיינְט בַּייא נַאכְט בַּאדַארְף זַיין תְּנָאִים בַּייא פערעלען מִיט יחיאל בוּף. אברהם הָאט דָאס אָנְפַאנְגְס נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, אָלֹם עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער אִיבֶּערְצַייגְט אַז דָאס אִיז רִיכְטִיג אַזוֹי.

(יחיאל בוף) איז

אִיז עֶר װִיא מִיא זָאגְט פוּן הוֹיט גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, אִיהם הָאט עֶר־שְׁטֶענְס גֶעקְרֵיינְקְט װָאס בֶּערֶעלֶע װֶעלְכֶע עֶר לִיעבְּט מִיט דֶעם גַאנְצֶען פַייֶער פוּן דֶער גְרֶעסְטֶער לִיעבֶּע װֶעט שׁוֹין נִיט זַיין זַיינֶע, צְװֵייטֶענְס הָאט אִיהם פֶערְדְרָאסֶען װָאס בֶּערֶעלֶע פַאלְט אַרַיין צוּ יחיאל דֶעם בּוֹרְאַן אִין דִיא הֶענְד אַרַיין. עֶר הָאט גוּט גֶעװאוּסְט אַז עֶר װֶעט בֶּערֶעלֶען אַזוֹי בֶּעהַאנְדְלֶען װִיא עֶר הָאט בֶּעהַנְדֶעלְט זַיין עֶרְשְׁטֶע פְרוֹיא, אוּנ דָאס הָאט אִיהם פוּן גֶעדוּלְד אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט עֶר אִיז אַיינְפַאךְ גִיוֶוען צוּדוּלְט.

עֶר הָאט אָנְגֶעהֵייבִּין צוּ קְלֶערִין װִיא אַזוֹי דֶעם שִׁידוּךְ קַאלְיֶע צוּ מַאכֶען, נִיט דֶערְלָאזֶען עֶס זָאל זַיין תְּנָאִים, אָבֶּער עֶר הָאט קַיין מִיטֶעל דַאצוּ גֶעפִינֶען, עֶר הָאט גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז װִיא בַּאלְד שמערעלע מִיט חאסיען הָאבֶּען מַסְכִּים גִיוֶוען צוּ דֶעם שִׁידוּךְ װֶעט שׁוֹין קַיין זַאךְ הֶעלְפֶען זַייא אַיינְצוּרֵיידֶען זַייא זָאלֶען חֲרָטָה הָאבֶּען, עֶר הָאט זִיךְ גִיוֶוען בֶּעשְׁלָאסֶען רֵיידֶען מִיט פערעלן זִיא אוֹיפְצוּמִינְטֶערִין זִיא זָאל דֶעם שִׁידוּךְ נִיט װֶעלֶען, עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער דֶערְמָאהנְט װִיא פערעלע װִיל נָאר מִיט אִיהם נִיט רֵיידֶען, אוּנ עֶר הָאט יֶעצְט גֶעגְלוֹיבְּט אַז זִיא הָאט נִיט גֶעװָאלְט מִיט אִים רֵיידֶען מַאכִי דֶערְפַאר װָאס זִיא הָאט בֶּעסֶער גֶעװָאלְט יחיאלן. אוּנ עֶר אִיז שְׁטַארְק גֶעװָארִין אוֹיף אִיהר אִין כַּעַס דֶערְפַאר װָאס בַּייא אִיהר אִיז רֶעכְט גִיוֶוען זִיךְ פֶערְקוֹיפֶען פַאר גֶעלְד צוּ אַזַא אוֹיסְװאוּרְף דֶער נַאטוּר, צוּ אַזַא אוּנְמֶענְטְשֶׁען װִיא בּוֹף אִיז.

זָאל זִיא מִיט אִיהם הַתּוּנָה הָאבֶּען! — הָאט עֶר צָארְנִיג גֶעזָאגְט — זָאל זִיא פַאר אִיהם פֶערְשְׁװַארְצְט װֶערִין, זִיא הָאט דָאס פֶערְדִינְט.

אָבֶּער עֶר הָאט פָארְט נִיט גֶעקָאנְט רוּהִיג בְּלַייבֶּען, בַּייא דֶער עֶרְאִינְנֶערוּנְג אַז הַיינְט בַּייא נַאכְט אִיז בַּייא פערעלען תְּנָאִים מִיט יחיאלן הָאט אוֹיף אִיהם אַזַא אַיינְדְרוּק גֶעמַאכְט אַז עֶר אִיז אַיינְפַאךְ אִין דֶער לוּפְט גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, עֶר הָאט שׁוֹין בַּייא זִיךְ אִין שְׁטוּב נִיט גֶעקָאנְט אַיינְזִיצֶען, אוּנ הָאט אַלֶע מֶענְטְשֶׁען װָאס זֶינֶען צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען װֶעגֶען גֶעשֶׁעפְט זַאכֶען נָאר נִיט גֶעװָאלְט

ענטפֿערין, אונ האט אן געהויבען ארום צו לויפֿען איבער די גאסען, אונ איז וויא צופֿאליג געקומען צו שטערעלעס שטוב.

עס איז שוין געוועז רעכט פֿינסטער, אונ אברהם האט געזעהען וויא ארום דער שטוב שטעהען אכט ווייבער אונ קוקען אריין דורך די פֿענסטער אין שטוב ווערבע ווער פֿאל מיט געסט, דארט איז פֿריילעך לעבענדיג דען מיא שרייבט פֿערעלעס תנאים. ער האט אויך געהערט וויא די ווייבער ריידען צווישען זיך אונ בעוואונדערין וואס דער רייבער יחיאל בוך האט זיך אויס געקליבען אזא ארמע כלה וויא פֿערעלע רבי שמערעלעס.

אך איהר דומע נארישע מענטשען! — האט ער צו זיך אליין גירעדט אנטלויפֿענדיג פֿון דעם ארט וויא פֿון אגעפֿערליבער שטעלע — אנשטאט צו בעדויערין דער אונגליקליכער וואס גאלט אריין צו אוואלף אין די ציין זענט איהר נאך איהר מקנא, וואס איז זיא בעקומט אמאן מיט געלד. א וויא משוגע וויא ווילד די וועלט איז...

אונ ער איז טאקי אין דער צייט אזוי אין כעס גיוועזען אויף דער גאנצער וועלט אז עס וואלט דוכט זיך גאר מעגליך גיוועזען וואלט ער זיא חרוב געמאכט. צום גליק אבער איז דאס פֿאר איהם ניוועזען זעהער אשווערע ארבייט, אונ ער האט זיין גאנצען כעס געמוזט אויס גיעסען דורך ווערטער אונ דורך פוסטע קללות.

ענטוועדער גאט וועט איהם שטראפֿען אדער איך אליין וועל מיך מיט איהם אפרעכענען — האט ער געזאגט אויף מארגען אלס יחיאלס דינסט האט איהם געבראכט לעקאך אונ האט געזאגט: דאס האט אייך דער בעל הבית געשיקט פֿון זיינע תנאים — זאג איהם מיידעלע אז פֿאר דיא זיסע לעקאך וואס ער האט מיר געשיקט וועט איהם זיין ביטער אונ פֿינסטער צו דאס טראג איהם אוועק פֿון מיר פֿאר דער מתנה.

ער האט איהר גענעבען אבינדעל הריין זיא זאל דאס אפּגעבען יחיאלן.

ערשט יעצט האט אברהם פערשטאנען אז יחיאל האט זיך משדך געווען מיט פעריעלען איהם צו להכעיס ווייל ער האט געוואוסט אז ער ליעבט זיא.

ערשט שפעטער האט ער זיך בירעכענט אז ער האט אפעהלער געטאהן דאמיט וואס ער האט אזא אנטוואָרט גע־געבען יחיאלן אויף זיינע לעקאך, ער האט פערשטאנען אז דעם נייצהאלז וואָלט מעהר געקריינקט ווען ער זאל מיינען אז איהם אינטערעסירט דאס גאר ניט וואס פערעלע איז געוואָרין זיין כלה.

ער האט זיך אבער בעשלאָסען דעם פעהלער צו פערריכטען מיט דער רבי שמעיהן

---

## ג.

### אפלאן פון אשדהו.

צווייא וואכען זיינען איבערגעגאנגען פון יענע נאכט.

אין דער צייט האט אברהם ראטה ניט גערוהט ער האט אלץ געזוכט עצות וויא אזוי דעם שידוך קאליע צו מאכען, און דער השך דאצו האט זיך אין איהם נאך מיט מעהר פרייקייט צופלאקערט אלס ער האט זיך געזעהן מיט פערעלען. און ער האט זוכה געווען צו הערין פון איהר מויד אז זיא פיהלט זיך העכסט אונגליקליך דאמיט וואס זיא באדארף חתונה האבען מיט יחיאל כוף זיא האט זאנאר פאר איהם געוויינט מיט בלוטיגע טרערען, און האט איהם געבעטען רחמים ער זאל זיא רעטען פון יחיאלס הענד.

נאך דיא פיעלע שלאפלאזע נעכט וואס ער איז איבער גע־קומען קלערענדיג אמיטעל וויא אזוי זיין ציעל צו ערבייכען, איז בייא איהם געבליבען ער זאל זיך ווענדען צו רבי שמעיה דעם שדכן פיליכט וועט ער דא קאנען עפעס העלפין, אברהם האט

זְעוואוּסְט אַז רבי שמעיה קָאן פַאר גֶעלְד קַאלְיֶע מַאכֶען דֶעם זֶעלְבֶּען שִׁידוּךְ וָואס עֶר הָאט אַלֵיין אוֹיסְגֶעפִיהְרְט.

עֶר הָאט זִיךְ גִיזֶעהֶען מִיט דֶעם שַׁדְכֶן, אוּנ הָאט אִיהם צוּ גֶעזָאגְט פוּפְצִיג רוּבֶּעל צוּ גֶעבֶּען אוֹיב עֶר וֶועט קַאלְיֶע מַאכֶען יחיאלס שִׁידוּךְ.

דֶער שַׁדְכֶן הָאט נָאר לַאנְג זִיךְ נִיט מְיַישֵׁב גִיוֶועזֶען אוּנ הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען אַלֶע כּוֹחוֹת אַנְצוּוֶוענְדֶען דִיא תְּנָאִים צוּ צֶערְרַייסֶען נוּר בְּאוֹפֶן אַז אברהם זָאל דִיא פוּפְצִיג רוּבֶּעל אַיינְלֵייגֶען אִין אַזִיכֶער אָרְט.

אברהם הָאט דָאס גְלַייךְ גֶעטָאהן, עֶר הָאט אַיינְגֶעלֵייגְט דָאס גֶעלְד בַּייא שמעיהס אַגוּטֶען פְרַיינְד פַאר וֶועלְכֶען זַייא הָאבִּין בֵּיידֶע דֶעם עֵסֶק פֶערְטְרוֹיעֶט, אוּנ ראזענראטה הָאט אִים פְרַייא גֶעזָאגְט אַז וִויא בַּאלְד דֶער שִׁידוּךְ וֶועט פוּנַאנְדֶערְגֶעהן זָאל עֶר גְלַייךְ שמעיהן דָאס גֶעלְד אָפְּגֶעבֶּען.

יֶעצְט הָאט זִיךְ אוּנְזֶער שַׁדְכֶן מִיט אַלֶע כֵּלִים גֶענוּמֶען צוּ דֶער גַייעֶר אַרְבֵּייט.

אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעבֶּעטֶען פַאר אַייךְ גֶעקְרִיגְט רבי יחיאל — הָאט עֶר נָאךְ אִין יֶענֶעם טָאג גֶעזָאגְט צוּ בּוֹפֶן אַרַיינְקוּמֶענְד צוּ אִיהם.

מִיט וֶועמֶען הָאט אִיהר זִיךְ דָאס גֶעקְרִיגְט? — הָאט יחיאל גֶעפְרֶעגְט.

וָואס פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר דָא נִיט מִסְתָּמָא מִיט אַייעֶר גוּטֶען פְרַיינְד רבי אברהם ראזענראטה, אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט וִויא עֶר הָאט פַאר אַגַאנְצֶע קָאמְפַּאנְיֶע מֶענְטְשֶׁען זִיךְ אוֹיסְגֶעלַאכְט פוּן אַייךְ דֶער פַאר וָואס אִיהר נֶעהמְט אַכַּלָּה אַקְבְּצָנְטֶע. הָאבּ אִיךְ אִיהם גוּט אוֹיפְגֶעשֵׁיינֶעצְט.

דָאס רֶעדְט עֶר פוּן פַייעֶר — הָאט יחיאל שְׁמֵייכְלֶענְד גִי-יִנְטֶעפֶערְט — אִיהם קְרֵיינְקְט דָאס גוּט וָואס אִיךְ הָאבּ זַיין פְּלַאן צוּשְׁטֶערְט.

זֶעהט אִיהר רבי יחיאל דָאס הָאט אִיהר שׁוֹין אַטָעוּת, אברהם הֵייסְט דָאס נָאר נִיט אַז צוּ קְרֵיינְקֶען וַוייל עֶר וֶוערְט דִיא

גְעג אַחְתֶן פַאר אַרייֶבע כַּלָּה וָואס אִיז דיא שֶׁענְסְטֶע מֵיידְעל אִין לאהמאטיע .

וָוער הָאט דָאס אַיךְ דֶערְצֵיילְט אַזַא לִינְעֶן .

דָאס אִיז נִיט קֵיין לִיעגְעֶן רבי יחיאל זָאל אִיךְ אַזוֹי הָאבְּן מַיין וַוייבּ וִויא דָאס אִיז אֶמֶת , אִיךְ בִּין דָא אִין דֶעם שִׁידוּךְ אוֹיךְ אַשְׁטִיקֶעל שַׁדְכֶן . נוּא נוּא דֶער יוּנְגַאטְשׁ הָאט דָאס אַבִּיסֶעל מַזָל מִיא צֵיילְט אִיהם אָבּ מְזוּמָן קוֹדֶם הַתְּנָאִים פִּינְף טוֹיזֶענְד קַארְבְּעֶן .

פִּינְף טוֹיזֶענְד קַארְבָּען ? -- הָאט יחיאל עֶרְשְׁרָאקֶען גֶעזָאגְט— פַאר וָואסֶערֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים ? פַאר וָואס קוּמְט דָאס אִיהם ?

דָאס זָאג אִיךְ דָאךְ אַייךְ אַז דֶער יוּנְגַאטְשׁ הָאט מַזָל , דָאס מֵיידֶעל הָאט אִיהם דֶערְזֶעהֶן בְּשַׁעַת עֶר אִיז גִיוֶוען אִין לאהמאטיע הָאט זִיא זִיךְ אִין אִיהם פֶערְלִיבְּט אוּנ עֶר אִין אִיהר , בְּקִיצוּר דִיא טֶעג וֶוערְט זִיא זַיין כַּלָּה , אוּנ דֶערְפַאר הָאט עֶר מִיר צוּ דַאנְקֶען . וַוייל אִיךְ בִּין גִיוֶוען דֶער עֶרְשְׁטֶער וָואס הָאבּ אִיהם אָנְגֶעהֵייבֶּען דֶעם שִׁידוּךְ צוּ רֵיידֶען . אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אִיבֶּערְגִירֶעדְט מִיט מַיין וַוייבּ זָאל לֶעבֶּען וֶועגֶען דָאס אַז דֶער שְׁלֶעפֶּער אברעמקע גֶעמְט אַזַא רֵייכֶע שֵׁיינֶע כַּלָּה , אוּנ רבי יחיאל דֶער גְבִיר גֶעמְט אַנְ'אָרֶם מֵיידְעל וָואס הָאט אֲפִילוּ קֵיין הֶעמְד אוֹיפֶן לֵייבּ נִיט . אַמַזָל צוּ אַמַזָל אִיז נִיט גְלַייךְ , אִיךְ וָואלְט דָאס אֲפִילוּ נִיט אִיבֶּער גִירֶעדְט , וָוארֶעם אִיךְ הָאבּ דָאךְ עֶפֶּעס אוֹיךְ עֶטְלִיכֶע גִילְדֶען גֶעחַאפְּט פוּן אַייֶער שִׁידוּךְ , נָאר דֶער יוּנְגַאטְשׁ אברהמקע הָאט מִיךְ אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פוּן דֶער הָעזָה מִיט דעם וואס עֶר בָּר־רִידְהמְט זִיךְ . . .

וָואס בֶּערִיהמְט עֶר זִיךְ ?

עֶר זָאגְט בּוּדְטָא אַז עֶר הָאט אַייךְ אוּסְגֶעסְטָען אַרַיינְגֶעגֶ... ...ין אַבְּלָאטֶע .

אִין וָואס פַאר אַבְּלָאטֶע ?

אִיךְ מַיין אִין אַייֶער שִׁידוּךְ מִיט פערעלען , אִיהר ... וָואס עֶר זָאגְט ? אַז עֶר הָאט גֶעוָואלְט אִיהר זָאלְט חָתוּ...

(יִח אל בוף)

מיט פערעלע דער קבּצנטע , דאריפער האט ער ארויס געגעבען אקלאגג אז ער איז אין איהר פערליבּט כּדי איהר זאלט דאס דער הערין אונ זאלט זיא ביא זיהם אויסחאפען , איצט מאכט ער נאך חוזיק פון איך וואס ער האט איך אין זאך אריינגענארט.

אזוי האט ער זיך בּעריהמט ? — האט יחיאל מיט פענזיס געפרעגט .

וואס דען איך וועל איך געלייקענען ? ער באריהמט זיך דאס אין אלע גאסען . אזא יונגאטש אזא שיינע איז דאס .

זיין מחותּן האט איהר אויך געזאגט אז ער איז איונגאטש אשיינע ? — האט יחיאל שמייכלענד געפרעגט .

אזוי ? איהר האט געוואלט איך זאל דאס זאגען זיין מחותּן ? ווייסט איהר דען ניט איך נעהם געלד דערפאר וואס איך לויב ניט דערפאר וואס איך שענד .

אבער זיין שידוך איז שוין אנעוויסע זאך ?

אזוי זיכער וויא מיר האבען איצט טאג , אשאדען חלעבין רבי יחיאל וואס איהר ווערט פערעלעס מאן , איך האב גראד פאר איך אשידוך וואס אלע אייערע שונאים וואלטען אמיתה משונה איינגענומען פון צרות ווען איהר וואלט איהם געטאהן . אשידוך מיט הונדערט טויזענד רובעל .

איהר מיינט הוזיק רבי שמעיה ?

אטאג זאל איך אזוי זיין ביא מיינע קינדער וויא איך זאג אייך דעם ריינעם אמת .

מיט הונדערט טויזענד רובעל ?

יא מיט הונדערט טויזענד רובעל נאר . . . . האט געשטיקעל חסרון .

וואס פאר אחסרון ?

איז לא עלינו הארבּאטע אונ פאמפאנאיד .

אבער זיא האט הונדערט טויזענד רובעל .

וויא ביא איהר אין קעשענע , דען זיא איז די איינציגע יחיאל בוק

איינציגע יורשטע פון אביכען פעטער וואס האט איבער הונדערט טויזענד רובעל.

אזוי? דארף מאן ווארטען אויף דעם פעטערס טויט?

ניט לאנג וועט מאן דארפין ווארטען ווייל ער איז אקראנקער מענטש, מיא ריכט זיך אלע טאג ער זאל שטארבען.

פון וואנען איז זיא?

פון שימליווע.

זיא איז טאקי ביא איהר פעטער אין שטוב.

יא זיא האט זיך טאקי ביא איהם אויסגעהאדעוועט;

וויא הייסט דער רייכער פעטער?

רבי שמואל חאמחון.

יחיאל האט איניגע מינוטען געקלערט אונ האט נאכהער געזאגט, מיר וועלין זיך מארגען אביסעל דורכפאהרען אין שימליווע.

נוא אונ וועגען פערעלען? — האט שמעיה וויא פערחאונדערט געפרעגט.

דאס איז ניט אייער געשעפט — האט יחיאל ראש גיענטפערט — פאהרט איהר מיט מיר מארגען אהין?

אז איהר ווילט דווקא וועל איך מיט אייך פאהרען.

נאר קיינער זאל דערפון ניט וויסען ביז מיר וועלין צוריק קומען.

וועגען דעם דארפט איהר מיר ניט זאגען אויף דעם בין איך דאך עפעס אשדכן אונ היים רבי שמעיה.

---

# ד.

## אפרישער מזל טוב.

שמעיהס ווערטער האבען זעהער אשטארקע ווירקונג געמאכט אויף יחיאלן, דען ער האט אלס איינס שטארק חתונה געהאט

אויף דעם שידוך . ער האט זיך בארעכענט אז ער האט געטאהן זעהער קרום דאמיט וואס צוליעב אקאפריז האט ער זיך פער־בונדען מיט אנ׳ארם מיידעל וועלכע ער וועט נאך מוזען אויס־קליידען , ער האט זיך אבער געשעמט דעם שידוך אבצולאזען ביא זאל פון איהם ניט לאכען דערפאר וואס ער איז אזוי לייכט־זיניג , אבער יעצט אלס ער האט ערהערט פון שמעיהן אזעלכע ווערטער אז דאס האט איהם גאר אברהם אבגעטאהן אשפיטצעל . אונ עס איז דא פאר איהם אשידוך דורך וועלכען איהם קאן אריינפאלען מיט אמאהל הונדערט טויזענד רובעל , האט ער שוין זיך פעסט בעשלאסען ער זאל פאהרען אהין , אונ אויב דאס איז ריכטיג אזוי וויא שמעיה האט געזאגט זאל ער באלד פערעלען צוריק דיא תנאים אריינשיקען .

אויף מארגען איז ער מיט שמעיהן אוועקגעפאהרין נאך שימליווע .

רבי שמעיה האט קיין ליגען געזאגט שמואל חאמחון איז ווירקליך גיוועזן דער גרעסטער גביר פון שימליווע ער האט געהאט געוויסע הונדערט טויזענד רובעל . אונ זיין איינציגע יורשטע וואר זיין פלעמיאניצע גנעסיע אמויד פון איאהר 25 מיט אגרויסען הארב אונ דאצו האט זיא נאך גירעדט פאמפאוואטע . אונ חאטש אלע האבען געוואוסט אז דיא גנעסיע איז איהר פעטערס יורשטע פון דעסט וועגען האבען זיך זעהער וועניג באלאנים אויף איהר געפונען .

דאס וואר אויך וואהר אז שמואל חאמחון איז אנאלטער אונ אקראנקער מענטש , ער איז סך הכל מיט דרייא יאהר צוריק אריינגעפאהרען אין שימליווע צוליעב דער גוטער לופט וואס דא וואר אונ צוליעב דיא מינעראלבעדער פון דער שטאדט , ווער ער איז פון דער היים אונ וואס פאר אמענטש ער איז אליין האט מאן ניט געוואוסט , עס איז נור גיוועזן בעקאנט אז ער האט געוואהנט אין מאסקווא אונ האט דארט געהאנדעלט מיט אקסען , יעצט האט ער מיט זיין ווייב אונ מיט זיין יורשטע

געגעבט נור פון פראצענט דען זיין גאנץ קאפיטאל איז געלעגען אין באנק.

ער האט געוואהנט אין שימליווע וויא אגראף מיט דעם גאנצען לוקסוס פון אגרויסשטעדטיגען גביר, עס איז ניט גיוועזען דיא וואך וואס איהם האט ניט בעזוכט אשדכן אדער אחתן, שמואל האט זעהער געוואלט אויס זוכען פאר זיין פלעמיאניצע עפעס אחעכטען מאן, נאר קיין סך געלד האט ער איהר יעצט ניט געוואלט געבען, זיא וועט צייט האבען מיך נאך מיין טויט צו ירשענען — פלעגט ער זאגען צו דיא שדכנים אונ חתנים — יעצט וועל איך איהר נור שיין בעקליידען אונ וועל זיא מיט איר מאן האלטען ביי זיך כל זמן איך לעב אונ נאך דעם איז אלעס וואס איך פערמאג זייערס.

צו דיא הנאים וואלטען דיא חתנים געוויס מרוצה געווארין, דען צו וואס באדארפען זייא אין אמת דאס געלד וויא באלד ער וועט זייא האלטען ביז זיין טויט אין זיין רייך הויז מיט אלע פערגעניגען אונ נאכדעם בלייבט דאס הויז מיט זיין גאנץ קאפיטאל זייא. אבער דיא כלה אליין זיא האט מאן ניט געוואלט פאר קיין געלד אין דער וועלט, דען זיא וואר ווירקליך אשרעקליכע בריאה אויסער איהר הארב אונ אהויך איהר איינגעפאלענע נאז איז זיא גיוועזען אזוי אבשייליך אז עס וואר אונמעגליך אויף איהר אקוק צו טאהן.

אויך יעצט האט שמואל חאמחון מיט זיין ווייב ערווארטעט אחתן אונזער יחיאלן, דען רבי שמעיה דער שדכן איז דא גיט לאנג גיוועזען אונ האט אנגעזאגט אז ער האט ארויסגעבראכט פאר גנעסיען אחתן גאר איינס אין דער וועלט, איונגער אלמן אשיינער אונ אגרויסער גביר מיט אלע מעלות.

ענדליך איז טאקי דער חתן געקומען, שמואל האט איהם זעהער פריינדליך כאסט פאטערליך עמפפאנגען, מיא האט געדעקט דעם טיש פירשטליך זילבער איז דא גיוועזען וויא מיסט, אונ כבוד האט מאן ערלאנגט אזעלכע וואס יחיאל האט דאס נאך

אִין זַיין לֶעבֶּען נִיט גִיזֶעהֶען . אָבֶּער אַלְס עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען דֶער כַּלָה אִיז אִיהם פִינְסְטֶער גֶעוָוארִין אִין דִיא אוֹיגֶען , צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאהל אִין זַיין לֶעבֶּען הָאט עֶר אַזַא פֶערְזֶעהֶענִיס דֶערְזֶעהֶען .

דָאס אַלֶעס וֶועט דָאךְ אָבֶּער זַיין אִיהֶרס — הָאט עֶר זִיךְ אַקְלֶער גֶעטָאהן , אוּנ דֶער גֶעדַאנְקֶען הָאט פָאלֶע הוֹיפֶּענְס הַן בַּאלְד אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער כַּלָה . „אַזַא הוֹיז אַזוֹי פִיעל זִילְבֶּער אוּנ אַזוֹי פִיעל גֶעלְד" הָאט אִיהם אִין דִיא אֹהֶרֶען גֶעקְלוּנְגֶען , עֶר הָאט גוּט בֶּעמֶערְקְט אַז דֶער חָתָן אִיז אַלְט אוּנ אַקְרַאנְקֶער מֶענְטְשׁ קוים וָואס עֶר הַאלְט זִיךְ אוֹיף דִיא פִיס „אַלְזָא וֶועט עֶר דָאךְ גָאר אִין גִיכֶען מַאכֶען אַרַייזֶע אַהִין אִין יֶענֶעם עוֹלָם אוּנ דָאס וֶועט אַלֶעס בְּלַייבֶּען זַיינְס . — עֶר הָאט זִיךְ לַאנְג נִיט גֶעלָאזְט בֶּעטֶען אוּנ הָאט דֶעם שִׁדוּךְ גִיעֶנְדִיגְט , עֶס אִיז גִיוֶועזֶען מִיט מַזָל תְּנָאִים , אוּנ מִיא הָאט אָבְּגֶעלֵייגְט דִיא חַתוּנָה סַךְ הַכֹּל אוֹיף צְוַויא חֳדָשִׁים . יחיאל הָאט זָאגַאר גֶעוָואלְט אַז דִיא חַתוּנָה זָאל שָׁאן זַיין וַוייל עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פִילַייכְט שְׁטַארְבְּט דֶער מְחוּתָּן אִין דִיא צְוַויא חֳדָשִׁים וֶועט נָאךְ דֶעם זִיא כַּלָה אִיהם נִיט וֶועלִין , נָאר שמואל הָאט נִיט גֶעוָואלְט שָׁאן מַאכֶען דִיא חַתוּנָה . „הַאפֶּענִישׁ לַאפֶּענִישׁ הָאבּ אִיךְ פַיינְד" הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט „צוּ אַחַתוּנָה מוּז מֶען זִיךְ צוּא גְרֵייטֶען אוּנ דָאס בַּאדַארְף גִיוֶוערִין וַויינִיגְסְטֶענְס צְוַויא חֳדָשִׁים" .

הֶעכְּסְט גְלִיקְלִיךְ אוּנ צוּא פְרִידֶען אִיז יחיאל צוּרִיק אַהֵיים גֶעפָאהרֶען , אוּנ בַּאלְד וִויא עֶר אִיז גֶעקוּמֶען האט עֶר אַרַיינְגֶעשִׁיקְט רבי שמערעלען צוּרִיק דִיא תְּנָאִים .

---

## ה.

### אַגְלִיקְלִיכֶער הָארְבּ .

יֶעדֶען פָאטֶער קְרֶיינְקְט דָאס בִּיז צוּם טוֹיט אַלְס מִיא שִׁיקְט

אִיהם אָבּ זַיין טָאכְטָערְס תְּנָאִים בְּעזָאנְדֶערְס נָאךְ אַזַא אָרֶעמֶען פָּאטֶער וִויא רבי שמערעלע וַואר וָואס זַיין טָאכְטָערְס נַדַן אִיז אִיהר שֵׁיינְקַייט אוּנ אִיהר גוּטֶער נָאמֶען, אוּנ יֶעצְט אַז מִיא הָאט אִיהר אָבְּגֶעשִׁיקְט דִיא תְּנָאִים הָאט זִיא דָאךְ שָׁאן דֶעם גוּטֶען נָאמֶען אוֹיךְ פֶערְלָארֶען. דֶען גֶעוִויס וֶועט מֶען זָאגֶען אַז נִיט אוּמְזִיסְט הָאט יְחִיאֵל דֶעם שִׁידוּךְ אָבְּגֶעלָאזְט מִסְתָּמָא הָאט עֶר אִין אִיהר גֶעפִינֶען אַפָּעהלֶער, אוּנ צוּ לִיבּ אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער קָאן זַיין טָאכְטֶער בְּלַייבֶּען זִיצְטֶען אַמוֹיד בִּיז אִין גְרָאעֶן צָאפּ אַרַיין.

דֶער אָרֶעמֶער שְׁמֶערֶעלֶע אִיז פַּאסְט גִיוָוען פֶערְצְוַוייפֶעלְט אַלְס עֶר הָאט עֶרְהַאלְטֶען דִיא תְּנָאִים צוּרִיק, עֶר הָאט גֶעוַויינְט וִויא אַקְלֵיין קִינְד, אוּנ חאסיע זַיין וַוייבּ הָאט אִיהם אוֹיךְ גֶעהָאלְפֶען וֵויינֶען בַּייא זַייא אִיז יֶענֶער טָאג גִיוֶוען יוֹם כִּפּוּר. דֶער פַּאר אָבֶּער אִיז פערעלע וִויא נַייא בֶּעלֶעבְּט גֶעוָוארֶען, יֶענֶער טָאג אִיז בַּייא אִיהר גִיוֶוען שִׂמְחַת תּוֹרָה. אוּנ צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאהל אִין אִיהר לֶעבֶּען הָאט זִיא זִיךְ אַרַיינְגֶעמִישְׁט אִין דִיא עֶלְטֶערִינְס גֶעשְׁפְּרֶעךְ וֶועגֶען אִיהרֶע שִׁידוּכִים, זִיא הָאט זַייא יֶעצְט גָאר אָפְּפֶען גֶעזָאגְט אַז זִיא אִיז שְׁטַארְק צוּ פְרִידֶען פוּן דֶעם וָואס עֶס הָאט זִיךְ אַזוֹי גֶעמַאכְט וַוייל זִיא הָאט דֶעם טִירַאן יחיאלין פַיינְד גֶעהַאט וִויא דֶעם טוֹיט.

אָבֶּער קִינְד מַיינְס! — הָאט שמערעלע גֶעזָאגְט — דוּא פֶערְגֶעסְט אַז נָאךְ אַזַא פַּאטְשׁ אִין פָּנִים וֶועט שָׁאן קֵיינֶער מִיט דִיר נִיט וֶועלִין טָאהן.

זָארְג נִיט מַאטֶע, בֶּנֶאֱמָנוּת דוּא וֶועסְט זֶעהֶען אַז אִיךְ וֶועל אַמָאהל דִיא גְלִיקְלִיכְסְטֶע זַיין.

נוּר דִיא וֶוערְטֶער הָאבֶּען וֵוייניג בֶּערוּהִיגְט שמערעלען מִיט חאסיען, דֶען מַאלֶע וָואס אַנַארִישׁ קִינְד רֶעדְט. זִיא פֶערְשְׁטֵייט נָאר נִיט וָואס פַאר אַפַּאטְשׁ אִין פָּנִים דָאס אִיז דָארוּם אִיז אִיהר אָזוֹי גְרִינְג דָאס הֶערְץ.

עבט (יהיאל בוּך)

רָעכְט אויף אונְז. — הָאט שמערעלע גֶעזָאגְט — דָאס הָאט אונְז נָאט גֶעשְׁטְרָאפְט דֶער פַאר וָואס מִיר הָאבִּין אִיהם צוּגֶעזָאגְט אַז פערעלע וֶועט זַיין זַיינֶע, אוּנ צוּם סוֹף הָאבֶּען מִיר נָאר גֶעטָאהן אַיין אַנְדֶער שִׁידוּךְ, אַזוֹי וֵוייל וָואלְט צוּא אוּנְז גִיוֶועין וֶוען מִיר זָאלִין זִיךְ נִיט גִיוֶועין יָאגֶען נָאךְ גְרוֹיסֶע גְלִיקֶען, אוּנ וָואלְטֶען טַאקֶע גֶעטָאהן דֶעם שִׁידוּךְ מִיט אברהמ׳ן וָואלְטִין מִיר אַזֶעלְכֶע צָרוֹת אוּנ אַזַא חַרְפָּה נִיט גֶעהַאט. וַוייל עֶר אִיז טַאקֶע בֶּאֱמֶת אַהוֹיפְט עֶהֶערְלִיכֶער מַאן.

דוּא וַוייסְט וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען שמערל — הָאט חאסיע גִיעֶנְטְפֶערְט — מִיא בַּאדַארְף חָלֶעבִּין אַפְּרִיוו טָאהן אוּנ אוּנְטֶער שִׁיקֶען שמעיה דֶעם שַׁדְכֶן צוּ אברהמ׳ן אִיךְ וֵוייס אַקְשְׁיֶה אוֹיף אַמַעֲשֶׂה אֶפְשֶׁר וֶועט עֶר נָאךְ אִיצְט אוֹיךְ דֶעם שִׁידוּךְ טָאהן, וַוייל עֶר הָאט דָאךְ פְּרִיהֶער אַזוֹי גֶעבְּרֶענְט נָאךְ פערעלען.

פְּרוּוו מָמָה נַפְשְׁךְ וָואס קָאן מֶען דָא אָן וֶוערִין, נָאר מִיר שַׁיינְט אַז דָאס וֶועט זַיין אַיין אוּמְזִיסְטֶע מְלָאכָה. אברהם אִיז אוֹיף אוּנְז אִין כַּעַס, עֶר וֶועט נִיט וֶועלִין נָאר הֶערִין דֶערְפוּן.

אוּנ חאסיע הָאט טַאקֶע גִיבֶּעטִין רבי שמעיהן עֶר זָאל זִיךְ פְּרוּוֶוען אַרַיין לַייגֶען אִין דֶעם שִׁידוּךְ צְווִישֶׁען אברהמ׳ן מִיט פערעלען.

מִיא קָאן זִיךְ לַייכְט פָאַרְשְׁטֶעלֶען שמערעלעס מִיט חאסיעס פְרֵייד אַלְס בַּייא נַאכְט אִיז צוּ זֵייא גֶעקוּמֶען רבי שמעיה מִיט אברהם ראזענראטה.

אברהם הָאט זֵייא עֶרְשְׁט יֶעצְט גוּט מְכַבֵּד גִיוֶועין דֶער פַאר וָואס זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גִיוֶועין בֶּעשְׁלָאכְטֶען אָבְּצוּגֶעבֶּען זֵייעֶר פערעלע אִין דִיא הָענְד פוּן אַזַא אוּנְמֶענְטְשֶׁען וִויא יחיאל אִיז. עֶר הָאט זֵייא יֶעצְט גֶעוִויזֶען אַרִיכְטִיגֶען רֶעכֶענוּנְג וִויא פערעלע וָואלְט אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִיוֶועין פַאר אִיהם.

אַלְס מִיא הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּ רֵיידֶען וֶועגֶען תְּנָאִים הָאט רֶבִּי שמערעלע גֶעזָאגְט: אִיךְ בּוּז דִיר זָאגֶען אברהמקע אַז מִיר (יחיאל בּוּהּ)

איז דיא תְּנָאִים זָעהָער נִיט לְרָצוֹן, חָלֶעבִּין עֶס אִיז אַחַרְפָּה פַּאר לַייטְען מַאכֶען בַּייא אַיין טָאכְטֶער אַלֶע וַויילֶע אַנְדֶערֶע תְּנָאִים׳ס, אִיךְ וָואלְט גִיוָועֶן אַסַךְ צוּפְרִידֶענֶער וָוען מִיר זָאלֶען קָאנֶען מַאכִין דִיא תְּנָאִים מִיט דֶער חַתוּנָה אִין אַיינָעם

בַּייא מִיר הָאט אִיהר דָאס שָׁאן גֶעפּוּיָעלְט — הָאט אברהם הָעכְסְט צוּ פְרִידָען גִיעָנְטְפָערט — אִיהר קָאנְט מַאכֶען דִיא חַתוּנָה חָאטְשׁ הַיינְטִיגֶע וָואךְ.

אִיךְ וִויל דָאס טַאקֶע — הָאט רבי שמערעלע גִיעָנְטְפֶערְט — וַוייל דִיא עֶטְלִיכֶע קְלַיידְלַאךְ וָואס אִיךְ הָאבּ בַּאדַארְפְּט אוּנ גֶעקָאנְט מַיין פערעלען מַאכֶען זַיינֶען שָׁאן פֶערְטִיג, נוּא אוּנ קַיין גְרוֹיסֶע חַתוּנָה וֶועלִין מִיר אַלְס אַיינְס נִיט מַאכֶען. זָאל טַאקֶע זַיין הַיינְטִיגֶע וָואךְ דִיא חַתוּנָה אִין אַגוּטֶער מַזָלְדִיגער שעה.

אַלֶע הָאבֶען דַאצוּ מַסְכִּים גִיוָועֶן.

אוּנ אִין יֶענֶער וָואךְ הָאט מֶען גֶעפִיהְרְט אברהם ראזענראטה מִיט זַיין לִיבֶּער כַּלָה פערעלע צוּא דער חוּפָּה גֶעבֶּען דֶער קְרוּפְּנָאיוָוקֶער שוּל.

יחיאל אִיז אוּיסֶער זִיךְ גִיוָועֶן אַלְס עֶר הָאט פוּן דֶעם עֶר־הָערְט, עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז רבי שמעיה הָאט אִיהם גֶענַארְט דַאמִיט וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז אברהם נֶעהמְט אַרַייכֶע כַּלָה, אִיהם הָאט דָאס אֶפִּילוּ שְׁטַארְק גֶעקְרֵיינְקְט עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער בַּאלְד בֶּערוּהִיגְט

זָאל עֶר זִיךְ הַאלְטֶען מִיט זַיין שֵׁיינֶער קַבְּצָענְטֶע! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — אוּנ אִיךְ וֶועל מִיר טַאקֶע חַתוּנָה הָאבֶּען מִיט מַיין הָארְבַּאטִינְקֶער אוּנ מִיט אִיהר הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענד קָארְבֶען.

---

(יחיאל בוף) אונגלויבליך

## ו.

## אוּנְגְלוֹיבְּלִיךְ.

אַקְלָאג איז מִיר גֶישֶׁעהָען! — הָאט אַנְעשְׁרַייא גֶעטָאהן ספרינצע דאבע דיא טוּקְעֶרקֶע זִיךְ בַּאנֶענֶענְד מִיט גרונע ברײנען דָער שוּלְשַׁמְשְׁטֶע — אִיהר הָאט שָׁאן גֶיזֶעהָען גרונע ברײנינקע דָאס פֶערְזֶעהָענִים וָואס יחיאל בּוּךְ הָאט אַרָאפְּגֶעבְּרַאכְט? נָאט זָאל מִיךְ נִיט שְׁטְרָאפֶען פַאר דִיא רֵייד עֶס אִיז דָאךְ מִיאוּס אוּיף אִיהר אַקוּק צוּ טָאהן, אִיךְ הָאבּ דָאךְ שָׁאן עֶפֶּעס אִיבָּער גֶיזֶעהָען מִיאוּסְקֵייטְן אִין אוּנְזֶער בָּאד, נָאר אַזָא שֶׁד הָאבּ אִיךְ נָאךְ נִיט גֶיזֶעהֶען.

מִיא זָאגְט דָאךְ אָבֶּער אַז דָאס פֶערְזֶעהָענִים הָאט אֶפְשָׁר אַמִילְיָאן רוּבֶּעל.

אוּנ אַז זִיא זָאל הָאבֶּען דָעם קֵיזֶערְס אוֹצְרוֹת וָואלְט אִיךְ הוּכְט זִיךְ מִיט אַזָא שֶׁד אֵיין טָאג נִיט גֶילֶעבְּט וֶוען אִיךְ זָאל זַיין אַמַ נְסְבִּיל. אִיךְ וֵוייס חְלֶעבִּין נִיט דָער בּוּךְ הָאט גֶעמוּזְט מְשׁוּגֶע וֶוערִין צוּם שְׁוַוארְץ יָאהר. וִויא שֶׁעמְט מֶען זִיךְ דוּכְט זִיךְ נִיט צוּא בְּרֵיינְגֶען אַזָא שְׁלִימַזָל אִין שְׁטָאדְט אַרַיין;

אִיהר וֵוייסְט דָאךְ שָׁאן ספרינצע דאבע אַז פַאר גָעלְד וָואלְט יחיאלקע יִמַח שְׁמוֹ זִיךְ פֶּערְקוֹיפְט אַפִילוּ צוּ דֶער חָאלֶערְיֶע, עֶפֶּעס אַקְלֵיינִיגְקֵייט בַּייא אִיהם גֶעלְד, אוּנ וָואס מֵיינְט אִיהר וֶועט זַיין זֶער סוֹף וִויא עֶר וֶועט נָאר דֶערְטַאפִּין דיא מַטְבֵּיַע בַּייא אִיהר וועט גר מִיט אִיהר שְׁלָאגֶען כַּפָּרוֹת.

איךְ הָאבּ אוֹיךְ אַזוֹי גֶעמֵיינְ-, , ... ן מְ-וּתָן הָאט דָאס גוּט בַּאוָוארְנְט, עֶר מוּז חְלֶעבִּין זַיין נִיט קֵיין נַאר, עֶר הָאט אַנְדֶערְשׁ נִיט גֶעוָואלְט דִיא חוּפָּה שְׁטֶעלֶען בִּיז יחיאל הָאט גֶעמוּזְט זַיין הָארְבַּאטֶען שֶׁד אַרוּיס נֶעבִּין אַפָארְמַאלְנֶע כְּתוּבָּה אוֹיף דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד רוּבִּיל. אִיהר פַאר שְׁטֵייט שָׁאן אַז דָאס אִיז אוֹיף אִיהם אֵיין אֵייבִּיגֶע צָרָה.

(יחיאל בּוּךְ)

נוא וָועט עָר אִיהר גֶעבּן דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד רוּבּ׳ וָועט דְאךְ זִיהם אַלְץ בְּלַייבֶּען אוֹצְרוֹת גֶעלְד. אוּנ אוֹיבּ זִיא וָועט קֵיין גָט נִיט וֶועלִין נֶעהמֶען, וָועט עָר מִיט אִיהר מַאכֶען וִויא עֶר הָאט גִיטַאכְט מִיט זַיין עָרְשְׁטָער וַייבּ, עָר וֶועט זִיא אַזוֹי לַאנְג מוּטְשֶׁען בִּיז עֶר וֶועט זִיא אִין דֶער עָרְד פֶּערְטְרַייבֶּען.

דָאס הָאט אִיהר אוֹיךְ אַטָעוּת, מִיא הָאט מִיר דֶערְצַיילְט אַז זִיא הָארְבָּאטֶע אִיז טַאקֶע אַשֶׁד פוּן בְּלָאטֶע, זִיא הָאט אַפִּיסְקֶעלֶע גְשׁוּט אוֹיף שִׁידוּכִים. זִיא קָאן אַזֶעלְכֶע צְוַואנְצִיג וִויא יחיאל אִיז דֶעם טוֹיט מַאכֶען, זִיא וֶועט זִיךְ נִיט לָאזֶען טְרֶעטִין מִיט דִיא פִּיס אַזוֹי וִויא זַיין עָרְשְׁטֶע וַייבּ אַלֶע שַׁאלֶעם (עָלֶיהָ הַשָׁלוֹם).

זֶעהָעט נָאר ספּרינצע דאבע וָוער גֵייט דָאס דָארְט, אִיהר הָאט דָאךְ בֶּעסֶערֶע אוֹיגֶען פוּן מִיר. מִיר דוּכְט אַז דָאס גַייט רבי שמערעלע.

יַא טַאקֶע רבי שמערעלע גֵייט אַהֶער אִין אוּנְזֶער זַייט.

לָאמִיר אוֹיף אַטְשִׁיקַאוָועס מִיט אִיהם מַאכֶען אַרַייד וֶועגֶען יחיאלס כַּלָה, עָר מוּז אִיצְט גֶעוִוינ נְקָמָה זֶעהֶען אִין אִיהם דֶער פַּאר וָואס עֶר זַיין שִׁידוּךְ אָבְּגֶעלָאזְט.

נוא אוֹיבּ אִיהר ווִילְט מַאכְט מִיט אִיהם אַרֵייד.

עֶס הָאט לַאנְג נִיט גִיוָוערְט אִיז טַאקֶע רבי שמערעלע צוּ גֶעגַאנְגֶען.

אַשֵׁיינֶער גָאט הֶעלְף אַייךְ רבי שמערעלע! — הָאט גרונה בתיה צוּ אִים גֶעזָאגְט — מִיא זָאל דֶערְמָאנֶען מְשִׁיחַן וָואלְט עֶר אוֹיךְ אָנְגֶעקוּמֶען, מִיר הָאבִּין עֶרְשְׁט טַאקִי גִירֶעדט פוּן אַייךְ, וֶועגִין דֶעם וָואס יחיאלקע בוך הָאט אוֹיסְגֶעבִּיטֶען אַייעֶר שֵׁיינֶער פֶּערעלען אוֹיף אַהַארְבַּאטָען שֵׁד.

הָאבּ אִים אַגוּט יָאר — הָאט רבי שמערעלע גִיעֶנְטְפֶערְט — גִילוֹיבְּט אִיז גָאט וָואס עֶר הָאט מַיין טָאכְטֶער מַצִיל גִיוֶועזען פוּן זַיינֶע הֶענְד, אָבֶּער זָאגְט מִיר אִיךְ בֶּעט אַייךְ דָאס אִיז אַיין אֶמֶת וָואס מִיא דֶערְצֵיילְט אַז זַיין כַּלָה הָאט הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד רוּבּעל?

(יחיאל בוך) יא

מִיא זָאגְט נָאר אַמִילְיָאן — הָאט גרונע בריינע גֶעֶנְטְפֶערְט — נָאר עֶר הָאט זַייא נָאךְ נִיט, עֶר וֶועט זַייא הָאבְּן שְׁפֶּעטֶער אַ-דֶער כַּלָּהס פֶעטֶער וֶועט שְׁטַארְבְּן, דֶען זיא אִיז זיין איינציגע יוֹרְשְׁטֶע.

פוּן וַואנֶען אִיז דֶער מְחוּתָּן?

עֶר אִיז אַלַיין פוּן שִׁיטְלִיווע, איך ווייס אפילו ווִיא מֶע רוּפְט אִיהם.

וִוא רוּפְט מֶען אִיהם?

רבי שמואל האמחון.

וִויא? רבי שמואל חאמחון? — הָאט שמערעלע אויסֶעו זִיךְ פַאר עֶרְשְׁטוֹינֶען גֶעפְרֶעגְט — אִיהר סוּזְט אַטָעוּת הָאבְּן גרונה בריינע.

אָט הָאסְטוּ זִיךְ, אִיךְ וֶועל אַטָעוּת הָאבְּן, אִיךְ בִּין דָאךְ גִיוֶועֶן אוֹיף דֶער חֲתוּנָה, הָאבּ אִיךְ גִיהֶערְט וִויא באניע דֶער מַארְשַׁאלָאק הָאט אוֹיס גֶערוּפֶען: הָאט מֶען גֶעלָאזְט בֶּעטִין דֶעם מְחוּתָּן רבי שמואל חאמחון דֶער כַּלָּה בֶּענְטְשִׁין!

וִויא וַוייזְט עֶר אוֹיס דֶער מְחוּתָּן?

אוֹיבּ אִיר ווִילְט קָאנְט אִיר אִים זֶעהן עֶר אִיז דָאךְ דָא הִיא.

עֶר אִיז דָא הִיא?

יַא עֶר אִיז אַהֶער גֶעקוּמֶען אוֹיף עֶטְלִיכֶע טֶעג. עֶר אִיז אַנִידֶערִיג יוּדֶעל מִיט אַשְׁפִּיצִיגֶע לַאנְגֶע נָאז אוּנ אוֹיף דֶער נָאז וַואקְסְט אַגְרוֹיסֶע בְּרָאדָאווְקֶע.

דָאס אִיז עֶר! — הָאט רבי שמערעלע ווִיא עֶרְצִיטֶערְט גֶעזָאגְט.

וֶועמֶען מֵיינְט אִיר רבי שמערל? הָאט גרונה ביילע גִיפְרֶעגְט.

עֶר אִיז דָא הִיא? — הָאט אִיהר רבי שמערעלע גִיפְרֶעגְט נִיט הֶערֶענְדִיג אִיר פְרַאגֶע וואוּ שְׁטֶעהט עֶר אַיין?

וָואס הֵייסְט וואוּ שְׁטֶעהט עֶר אַיין מִכְתָּמָא בַּייא זַיין אֵיידִים בַּייא יחיאלן.

הֶערְט נָאר גרונע בריינע — הָאט רבי שמערעלע גֶעזָאגְט— אִיךְ וֶועל אַייךְ בֶּעטִין אַטוֹבה, גֶעהט זַייט מוֹחֵל אַבַּיין צוּא מַיין אֵיידִים (יחיאל בוּך)

אַיידים אונ זָאגט דָארט מַיין בְּאבְטער זיא זָאל דִיא מִינוט קוּמֶען מִיט אברהמן צוא יחיאלן, זָאגט אַז אִיךְ בִּין אוֹיךְ דָארְט, נָאר זייא זָאלִין נִיט אַרַיין בִּיז אִיךְ וֶועל זַייא אַרַיינְרוּפֶען.

אִיךְ וֶועל גֶעהן פַאר וָואס נִיט — הָאט גרונה ברײנע גִיזָאגְט אונ אִיז גֶעשְׁווינְד אַוֶועק גֶעלָאפִין צוּ אברהם ראזענראטה.

הוּא אֱלֹקִים! הָאט רבי שמערעלע צוא זיךְ אַלֵיין גִירֶעדט נֶעהָענְדִיג צוּ יחיאלן — זָאל דָאס זַיין טַאקִי עֶר אַלֵיין? דָאס גלויבט זיךְ מִיר גָאר נִיט וִויא קוּמְט צוּא אִים אַזוֹא פיל געלְד?

---

# ו.

## דֶער פוּסְטֶער הָארְב.

בַּייא יחיאלן אִין שְׁטוּב אִיז אַמָאלְצַייט פַאר גוּטֶע פְרַיינְד אונ פַאר קְרוֹבִים לְכָבוֹד דֶעם מְחוּתָּן רבי שמואל האמחון. אַלֶע נֶעסְט זִיטְצֶען אַרוּם טִישׁ אונ מִיא עֶסְט מִיט אַפֶּעטִיט, אונ יֶעדֶער בֶּעמִיהֶעט זיךְ עֶר זָאל נִיט קוּקֶען אוֹיף דֶער כַּלָה וֶועלְכֶע זִיצְט נֶעבֶּען יחיאלן, אוּם זַייא זָאל דָאס עֶסֶען אַיינְגֶעהן אונ זַייא זָאלִין נִיט אוֹיסבְּרֶעכִין.

דִיא בֶּעכֶער קְלִינְגֶען מִיא טְרִינְקְט אוֹיף דֶעם גֶעזוּנְד פוּן חָתָן כַּלָה, אוֹיף דֶעם גֶעזוּנְד פוּן דֶעם מְחוּתָּן, אונ יֶעדֶער אִיז זֶעהר לוּסְטִיג לֶעבֶּענְדִיג פוּן דִיא שְׁנַאפְּס אונ דִיא וַויין וָואס עֶר הָאט אִין זיךְ אַרַיין גֶעגָאסֶען.

אוֹיךְ דֶער שְׁוַואכֶער מְחוּתָּן וַואר מוּנְטֶער, דֶען עֶר הָאט אוֹיךְ אַפָּאר בֶּעכֶער גוּטֶען וַויין אויסגֶעלֵיידִיגְט. עֶר הָאט דֶעם דְרִיטֶען בֶּעכֶער אוֹיפְגֶעהֵייבִּין אִין דֶער הוֹיךְ אונ הָאט גֶעזָאגְט: רַבּוֹתַי אִיךְ טְרִינְק צוּא אַייךְ אַלֶעמֶען לְחַיִים אונ אִיךְ וִוינְטְשׁ אַייךְ אִיהר זָאלְט אַלֶע גְלִיקְלִיךְ זַיין. דִיא הָאפֶענוּנְג טָאר קַיין מֶענְטְשׁ נִיט פֶערְלִירֶען, אַלְס בַּייאשְׁפִּיל וֶועל אִיךְ מִיךְ אַלֵיין פַאר אַייךְ שְׁטֶעלִין. אִיךְ דֶערְצֵייל דָאס אִין פְרֵייהֶען אוֹיף יֶעדֶער שִׂמְחָה אונ

װָאלט דָאס אִיצְט אַייךְ אוֹיךְ דֶערְצֵיילֶען. אִיךְ בִּין אַמָאל גִיוֶועןְ אַפְּרָאסְטֶער קַצָב אִין אַקְלֵיין שְׁטֶעדְטִיל, אוּנ הָאבּ גֶעלֶעבְּט וִויא אַלֶע אָרְמֶע קַצָבִים לֶעבִּין צוּם סוֹף הָאבּ אִיךְ נָאךְ אוֹיף זִיךְ גֶעהַאט אַזַא דֵיעָלָא וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמוּזְט אָבְּטְרֶעטִין פוּן מַיין שְׁטָאדְט אַלַאנְגֶע צַייט הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַרוּם גֶעוַואגֶעלְט אִין דֶער וֶועלְט בִּיז אִיךְ הָאבּ מִיךְ פוּן מַיין דֵיעֶלָא אַרוֹיסגֶעפְּלָאנְטֶערְט אוּנ הָאבּ גֶעקָאנְט פָארִין אַהֵיים. אִין דֶער הֵיים הָאבּ אִיךְ אִיבֶּערגֶעלָאזְט אַיין טָאכְטֶער מִיט אִיר מַאן, דִיא טָאכְטֶער אִיז בַּייא מִיר גִיוֶועןְ מַיין גַאנְצֶע טְרַייסְט. שְׁטֶעלְט אַייךְ אָבֶּער פָאר מַיינֶע צָרוֹת אַז קוּמֶענְדִיג אַהֵיים הָאבּ אִיךְ שׁוֹין מַיין טָאכְטֶער אוֹיךְ נִיט גֶעטְרָאפִין; זִיא הָאט מִיר דֶערְצֵיילְט אַז זִיא אִיז גֶעשְׁטָארְבִּין אִין אַקִימְפֶּעט צוּזַאמֶען מִיט אִיר קִינְד, אוּנ מַיין אֵיידִים הָאט זִיךְ אַוֶועק גֶעשְׁלֶעפְּט אִין דֶער וֶועלְט, אַז אִיךְ בִּין דֶערְצְמָאלְט פוּן עַגְמַת נֶפֶשׁ נִיט גֶעשְׁטָארְבִּין בִּין אִיךְ נָאר פוּן אַייזֶען גֶעקְנָאטֶען, אִיךְ בִּין נָאר אַנְטְלָאפִין גֶעוָוארִין פוּן מַיין שְׁטֶעדְטִיל אוּנ הָאבּ מִיךְ דֶערְשְׁלֶעפְּט קַיין מאסקווא, אוּנ גָאט הָאט מִיר גֶעהָאלְפִין אִיךְ הָאבּ גֶעוַואקְסִין פוּן טָאג צוּ טָאג בִּיז אִיךְ בִּין גֶעוָוארִין אַגְבִיר הַלְוַאי אוֹיף אַלֶע מַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד גֶעזָאגְט גֶעוָוארִין, אִיךְ הָאבּ חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט מַיינֶע אַקְרוֹבָה אוּנ הָאבּ צוּ זִיךְ צוּגֶענוּמֶען מַיין פְּלֶעמֶיאַנִיצֶע, אוּנ הָאבּ זִיא וִויא אַטָאכְטֶער אוֹיסגֶעהָאדֶעוֶועט, אוּנ אִיצְט אַז גָאט הָאט מִיר גֶעהָאלְפִין טְרִינְקֶען אוֹיף אִיהר חֲתוּנָה דַאנְק אִיךְ אוּנ לוֹיבּ גָאט אוּנ וִוינְטְשׁ אַייךְ אַלֶעמֶען אַלְץ דָאס גוּטְס.

אַנַאסְט רבי שמערעל! — הָאט אַגֶעשְׁרֵייא גֶעטָאן יחיאל אַלְס עֶר הָאט פְּלוּצְלוּנְג דֶערזֶעהן זַיין עֶרְשְׁטִין מְחוּתָּן אַרַיינְקוּמֶענְדִיג.

שמערעל אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם טִישׁ הָאט אַקוּק גֶעטָאן אוֹיף יְעם מְחוּתָּן, אוּנ הָאט מִיט בֶּעבֶּענְדֶע לִיפֶּען גֶעזָאגְט שְׁטִיל: וִויא אִיךְ בִּין אַיוּד דָאס אִיז עֶר!

וָואס קוּקְט אִיר מִיךְ אַזוֹא אָן רבי יוּד? — הָאט שמואל עפְרֶענְט אַלְס עֶר הָאט גִיזֶעהֶען וִויא שׁמעריל קוּקְט אוֹיף אִים.

דָאס עֶרְשְׁטֶע גָאט אַייךְ שָׁלוֹם — הָאט שמערעל גִיעֶנְטְפֶערְט

(יחיאל בוּף) רייבענר

ייבענד איהם דיא האנד — אונ צווייטענס וויל איך איהר זאלסט מיך דערקענען .

איך דערקענן ? — האט שמואל גיזאגט אים בעטראכטענדר — ווארט וואַרט זאגט מיר ניט ווער איר זענט , וואַרט וואַרט מיין גאט האב איך קיין טעות ניט איז דאס מיגלאך , דאס ביזטו שמערעלע ?

דאס בין איך ליבער שוועהר — האט שמערעל מיט טרערען אויגען גיענטפערט .

מיין שמערעלע ! מיין קינד ! — האט שמואל אנגעשריא געטאן וויינענד פאלענד איהם אום דעם האלז — געלויבט איז גאט וואס איך זעה דיך . וואס מאכסטו מיין לעבן ? וואו וואהנסט דוא מיין קינד .

איך מיט מיין ווייב אונ מיט מיין טאכטער פערעלע איהר איינינקעל זיינען גאט צו דאנק געזונד — האט שמערעל גיענטפערט :

וואס ? וויא ? מיין איינינקעל זאגסטו ? וואס פאר איין איינינקעל ?

וואס הייסט ? איר ווייסט גאר ניט אז פון איהר טאכטער איז מיר געבליבען א טאכטער פערעלע .

פון מיין טאכטער איז דיר געבליבען אקינד ? דאס איז דאך געשטארבין .

הלואי וואלט זיא לעבט אונ האט ניט לאנג חתונה גיהאט .

זיא לעבט ? מיין טאכטערס קינד לעבט ? — האט שמואל ניט מיט זיין קול געשריגען — דוא נארסט מיך ניט שמערעלע ? גאט זאל מיר אזוא העלפין וויא איך נאר אייך ניט .

מיין טאכטערס קינד לעבט ? איך האב נאך איין איינינקעל ? איזה יורש ? גרויסער גאט איך בין דיינע חסדים ניט ווערטה — האט שמואל געשריגען אויפהייבענד דיא הענד צום הימעל . נאר קום מיין קינד באווייז זיא מיר , לאמיך זיא האטש אנקוקען .

איך וועל זעהען זיא מוז זיין דא — האט שמערעל געענטפערט צוגעהענד צום טיהר אונ אלס ער האט זיא געפינט

(יחיאל בוך)

הָאט עָר טַאקִי דָארְט אִין הויז גֶעטְרָאפֶען פערעלען מִיט אברהמן, עָר הָאט זַייא אָנְגֶעגוּמֶען פַאר דִיא הֶענְד אוּנ זַייא צוּפִיהרֶענְד צוּא שמואלן הָאט עָר גֶעזָאגְט דָאס אִיז אַייעֶר טָאכְטֶערְס קִינְד פערעלע אוּנ דֶער אִיז אִיר מַאן אברהמקע׃

מַיין לִיבּ קִינְד! — הָאט שמואל וַויינֶענְד גֶעשְׁרִיגֶען פַאלֶענְד פערעלען אוּם דֶעם הַאלְז. עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹא צוּהְלִיפֶּעט אַז אַלֶע הֶערְבַּייא שְׁטֶעהֶענְדֶע הָאבִּין גֶעוַויינְט קוּקֶענְדִיג אוֹיף אִים.

נָאר בַּאלְד אִיז פוּן דֶעם גֶעוַויין בַּייא אַלֶעמֶען גֶעוָוארִין אַגִילֶעכְטֶער, אַלְס יחיאל הָאט מִיט אַטָאדֶעס בְּלַאסֶען גֶעזִיכְט נֶעפְּרֶעגְט שמואלן: אָבֶּער אַייעֶר יוֹרֵשְׁטֶע וֶועט בְּלַייבִּין מַיין וַוייבּ?

אִיר זֶענְט אַשׁוֹטֶה! — הָאט שמואל גִיעֶנְטְפֶערְט — אַז פוּן מַיין טָאכְטֶער אִיז מִיר גֶעבְּלִיבֶּען אַקִינְד וֶועל אִיךְ אַיין אַנְדֶערִין אַוֶועק גֶעבִּין מַיין רַייכְטְהוּם, אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ אִיז מַיין פערעלעס. אַייךְ וֶועל אִיךְ אוֹיךְ נִיט קְרִיוֶודֶען אִיךְ וֶועל אַייךְ אַרַיינְשִׁיקֶען טוֹיזֶענְד מְזוּמָנֶע רוּבֶּעל.

אִיר הָאט גִיהֶערְט לִיבֶּע לֶעזֶער וִויא מִיא הָאט בַּייא יחיאלן גֶעשְׁרִיגֶען וַואסֶער! וַואסֶער! דָאס אִיז חָלִילָה נִיט גִיוֶוען אַפָּאזְשַׁאר, נָאר וַוייל יחיאל הָאט גֶעהַאלֶעשְׁט הָאט מֶען בַּאדַארְפְט וַואסֶער אִים צוּא מִינְטֶערִין.

מִיא הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעמִינְטֶערְט. עֶר הָאט דִיא אוֹיגֶען גִיעֶפִינְט, אָבֶּער וָואס הָאט עֶר דֶערְזֶעהן אַז דִיא שֵׁיינֶע פערעלע וֶועלְכֶע עֶר הָאט נָאךְ נִיט גֶעוָואלְט מִיט אִיר מַאן זַיין גְרֶעסְטִין שׂוֹנֵא זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען דֶעם רַייכֶען שמואלס יוֹרְשִׁים, אוּנ עֶר אִיז גֶעבִּיךְ גֶעבְּלִיבֶּען בַּייא זַיין הַארְבַּאטֶען שד.

— ⁂ —

(יחיאל בּוּךְ)